וכי ימוך אחיך ומטה ידו עמך והחזקת בו,

# קאָנסטיטוציאָן

וחי אחיך

דער

# לידער ברידער



# אונטערשטיטצונגס פעראיין

געגרינדעט דען 1טען אויגוסט, 1891

אנגענומען די קאנסטיטוציאן אין פאללען קראפט
דען 11טען דזשולי 1906

ניו יארק.



דרוק פון אליקום צונזער, 156 איסט בראדוויא, ניו יארק.

# אינהאלטס-פערצייכעניס.

## ארטיקעל 1.

### נאמען, צוועק אונד שפראכע

§ 1. דיעזער פעראיין טראגט דעם נאמען „לידער ברידער אונטערשטיצונגס פעראיין" דיעזער נאמען קאן קיינמאל געענדערט ווערען און דער פעראיין קאן נימאלס אויפגעלעזט ווערען זאלאנג זיבען גוטשטעהענדע מיטגליעדער ווילען דעם פעראיין מיט דעם נאמען אנהאלטען.

§ 2. דער צוועק פאן דיעזען פעראיין איז: אונטערשטיטצונג, אין נויטה, קראנקהייט, שבעה אונד שטערבעפעללע, ד. ה. דיא געלדער פאן דיזען פעראיין זאללען פארוועגדעט ווערען נור אויף אונטערשטיטצונג, זאלכע מיטגליעדער וועלכע זיינען אין נויטה, אויך קראנקען-בענעפיט, שבעה געלד, און באערדיגען פערשטארבענע מיטגליעדער, אונד אויך פאר אללע איסגאבען פאן פעראיין.

§ 3. דיא ביכער פאן דיזען פעראיין, וויא אויך אללע פערהאנדלונגען זאללען נור אין דער אידישער שפראכע און שריפט, געפירט ווערען, דאס זעלבע מוזען אללע פארשלעגעס אמענדעמענטס. א. ז. וו. אללעס אין יודיש געשפראכען ווערען.

## ארטיקעל 2.

### פערזאמלונגען.

§ 1. דיזער פעראיין האט פאלגענדע פער־זאמלונגען: רעגעלמעססיגע, גענערעלע און ספעציאלע.

§ 2. דיא רעגעלמעססיגע פערזאמלונגען, זאל־לען צווייא מאל אין יעדען מאנאט אין אזעלכע אבענדען וואס דער פעראיין וועט בעשטיממען.

§ 3. אם פרייטאג אבענד וויא אויך אין אללע אידעשע ימים טובים, זאללען קיינע פערזאמלונגען שטאטפינדען.

§ 4. פערזאמלונגען זאללען ערעפענט ווערען אם 8 אוהר אבענדס.

§ 5. דיא גענערעלע פערזאמלונגען זאללען שטאטפינדען אין לעצטען מיטינג פאן יעדען קווארטאל ד. ה. אין צווייטען מיטינג פאן מאנאט מערץ, יוני, סעפטעמבער און דעצעמבער.

§ 6. ספעציאלע פערזאמלונגען קאננען איינ־בערופען ווערען:

א) דורך דען בעשלוס פאן פעראיין

ב) דורך דיא פרעזידענטען

ג) דורך דיא דירעקטארען

ד) אדער דורך 7 גוטשטעהענדע מיטגליעדער מיט

שריפטליכע אויפפאָדערונג צוא דיא פרעזידענטען, ניר דיא אללע מוזען איין ריכטיגע אורזאכע פאר דיא איינבערופינג, אנגעבען.

§ 7. דיא וואס האבען דעם ספּציאל פערזאמלונג איינבערופען, מוזען ביין זעלבען מיטינג אנוועזענד זיין, אים דיא אורזאכע פאר דער איינבערופונג פאר דיא ברידער צו ערקלערען זאָנסט ווערט יעדער פאן זייא מיט א דאללער בעשטראפט.

§ 8, יעדער מיטינג זאָל ערעפענט ווערען מיט ניט וויינינער פאן 9 מיטגליעדער אין זייא 3 בעאמטע, און זייא זעננען בערעכטיגט אללע געשעפטען פאָן פעראיין בייא דעם מיטינג צו פערהאנדלען.

## ארטיקעל 3.

### בעאמטע.

§ 1. דיא בעאמטע פאן דיזען פעראיין זיינען: דירעקטאָרען, פרעזידענט, וויים פרעזידענט, פינאנס סעקרעטער, פ־אָטאָקאָל סעקרעטער, האספיטאלער, טרעזשורער, 4 טראסטיעס, אינערע וואַכע און פיהרער.

§ 2. אללע בעאמטע ווערען ערוויילט ניר פאר 6 מאָנאטען, אין דיא גענעראל פערזאמלונגען פאן מאָנאט יוני און דעצעמבער.

§ 3. פרעזידענט און וויים פרעזידענט קאן

ערווילט ווערען נור דיעזער וועלכע־ האט בעפאָר געהאט אין אנדער אמט אין דיעזען פעראיין.

§ 4. אללע בעאמטע קענען ערווילט ווערען נור דיא, וועלכע בעלאנגען שיין פוללע 6 מאָנאטען אין דיזען פעראיין.

§ 5. אללע ערווילטע בעאמטע מוזען איינ־צאהלען בעפאָר אינסטאליישען אללע זייערע שולדען זאָ וויא מעקכעס און שטראפען א. ז. וו. זאָנסט קאנען זייא ניט אינסטאלירט ווערען אין זייערע עמטער.

## ארטיקעל 4.

### נאָמינישיאן און וואהל פיר בעאמטע.

§ 1. נאָמינישיאן פיר בעאמטע זאָל שטאט־פינדען מיט 2 מיטינגען בעפאָר עלעקשיאָן, עס מוזען ערשטע נאמינישיאנס פיר יעדען אמט שטאטפינדען אין 2-טען מיטינג פאן מאנאט מאי און נאָוועמבער.

§ 2. און צווייטע נאמינישיאנס פאר יעדען אמט מוז זיין אין ערשטען מיטינג פאן מאָנאט יוני און דעצעמבער.

און 3-טע נאמינישיאן מיט וואהל אין צווייטען מיטינג פאָן יוני אין דעצעמבער זאָלל שטאטפינדען וועלכע זיינען דיא גענעראל פערזאמלונגען.

§ 3. יעדער גוטשטעהענדער מיטגליעד קאן

פאר איניגע עמטער נאמענירט ווערען, אבער נור פאר איין אמט ערוויילט ווערען.

§ 4. אביועזענדע מיטגליעדער קאנען ניט נאָמענירט ווערען, אָדער ערוויילט ווערען פאר קיין אמט.

§ 5. קאנדידאטען פאר בעאמטע מוזען שרייבען און לעזען קאנען.

§ 6. איין מיטגליעד וועלבער איז אונטער איין קלאגע קאן ניט נאמענייערט ווערען צוא קיין אמט, נור ווען דיא קלאגע איזט מיט אבזיכט געמאכט געווארען קען זיא אין וואהל אַבענד ניט אנגענומען ווערען.

§ 7. דירעקטאָרען זאָללען ערוויילט ווערען איינער פאָן יעדע 15 מיטגליעדער וואס בעלאנגען צום פעראיין אין דער צייט פאַן עלעקשיאן.

§ 8. דיא וואהלען זאָללען דורך שטים צעטלען שטאטטפינדען, דיא מאַיאָריטעט פאָן דיא שטיממען זאַללען ענטשיידען ווער עס איז ערוויילט געוואָרען.

§ 9. בעפאָר דעם וואהל. זאָל דער פרעזידענט אפאינטען 2 וואהל ריכטער, און איין וואהל ריכטער זאָל אפאינטען דער וויים פרעזידענט, פאָן דיא מיטגליעדער וועלכע זיינען ניט נאמענירט פאר קיין אמט, זייער פפליכט איזט אויפצופאססען אז דיא שטימצעטלען זאָללען ריכטיג אב געגעבען ווערען.

נאכהער זאָללען זייא ריכטיג ציילען דיא שטימצעטלען, און נאך זייער בעריכט זאָל דער פרעזידענט ערקלער־רען פאר דיא פרידער. ווער עס האט געקראגען דיא מאיאָריטעט שטיממען, און דער איז דער געזעצליכער בעאמטער פאר דיא נעקסטע 6 מאָנאטען.

§ 10. דער סעקרעטער זאָל פאָרלעזען אללע נאמענירטע, נאכהער זאָלל דער פרעזידענט פרעגען יעדען נאמענירטען, אויב ער נעהמט אן דעם אמט צוא וועלכען ער איז נאמענירט געווארען, נאכהער זאָללען אללע אנוועזענדע מיטגליעדער זייערע שטים צעטלען אבגעבען, נאך דער רייהע וויא דער סעקרעטער וועט אויסרופען זייערע נעמען.

§ 11. 3-טע נאמינײשיאן פאר בעאמטע זאָל זיין. אללע נאמינײשיאנס פאר אללע עמטער נאך דער רייהע. נאכהער זאָל דער פרעזידענט ערקלערען אללע נאמינײשיאנס פאר געשלאָססען. און נאכהער זאָל זיין וואהל פאר אללע עמטער נאך דער רייהע.

§ 12. אויף יעדען שטימצעטטעל זאָל דייטליך געשריעבען זיין דער נאמען פאָן דעם קאנדידאט פאר וועמען דיא שטימע איז געגעבען, זאָנסט וועט ער אללעס בלאנק בעטראכט ווערען.

§ 13. בעפאָהר דעם וואהל זאָל אַקאָנטראָללע

געמאכט ווערען פיל ברידער עס זיינען אנוועזענד ביין שטימען. נאכהער מוזען דיא צאהל צעטלען שטימען מיט דיא צאהל ברידער וועלכע זיינען אנוועזענד.

§ 14. ווען דיא וואהל קאָמיטטעע געפינען מעהר שטימצעטלען וויא אנוועזענדע ברידער, דאן איז דער וואהל פאר דעם אמט ניט גילטיג, און איין נייער וואהל זאָהל שטאטפינדען פאר דעם אַמט.

§ 15. אין פאַל ווען מאנכע קאנדידאטען קריגען איין גלייכע צאהל שטימען דאן זאָהל איין שטיך-וואהל צווישען זייא שטאטפינדען און דיא איבריגע זאָללען פאָן דער וואהל ליסטע גישטריכען ווערען.

§ 16. ווען עס ווערט פּראָטעסטירט נאך דעם וואהל, אז דער וואהל איז ניט ריכטיג צו געגאנגען, דאן זאהל דעם זעלבעז אבענד איין שריפטליכער פּראָטעסט צום פרעזידענט אריין געבראכט ווערען און דער פרעזידענט זאהל פאר דיא ברידער פאָר־לייגען, און זיי זאָללען ענטשיידען.

§ 17. נאך דעם וואהל אבענד זאָללען קיינע פּראָטעסטען אן גענומען ווערען אין דער וואהל בלייבט געזעצליך.

§ 18. אללע בעאמטע ווערען אינכטאלירט אין דעם ערשטען רעגעלען מיטינג נאך דעם וואהל,

דאס איז אין דיא ערשטע מיטינגען פאן דיא מאָנאַ־
טען, יאנואר און יולי ביא דעם ערשטען פונקט פאָן
צום וואָהל און בעסטען.

§ 19. דירעקטאָרען און טרוסטיעס קאנען דורך
הענד אבשטימינג אויך ערוויילט ווערען.

§ 20. קיין מיטגליעד קאן זיך זעלבסט ניט
נאמענירען פאר קיין אמט.

## אַרטיקעל 5.

### פפליכטען פאן דיא בעאמטע.

§ 1. דעם פרעזידענטס פפליכט איזט: בייא
אללען מיטינגען דעם פאָרזיטץ מיט דיא פער־
האנדלונגען פאן דיא מיטינגען נאך דיא רעגעלן פאן
דער קאָנשטוטציאָן צו פיהרען, און אללע צושריפ־
טען פאר אללע אויסגאבען וועלכע זיינען פאָן פער־
איין בעשטימט געוואָרען אויסצוצאהלען, אונטער
שרייבען, ערוויילען דיא מאיאריטעט פאָן אללע קאָמ־
מיטטען און אבטונג געבען אז דיא קאָממיטטען
וויא אויך אללע בעאמטע זאָללען זייערע פפליכטען
ריכטיג ערפילען און אללע שטעללען פאָן אבוועזענדע
בעאמטע באזעצען טעמפאראר, איבערוואכען אב
שטיממונגען, וואהלען און באלאטאזשען, און ערקלע־
רען פאר דער פערזאמלונג זייער רעזולטאט, און אללע

דאקומענטען פאָן פעראיין זא וויא דיא ביינק ביכער דעם משאַטער, און אויך דעם זיעגעל פאָן פעראיין אונטער זיין אויפזיכט האלטען. און אם ענדע פאָן זיין טערמין זיין נאכפאָלגער אין אמט אין ריכטיגען אָרדענונג מוז איבערגעבען, קיינע אנטהייל נעהמען אין דעבאטען זאָ לאנג ער איז פּאָרזיצענדער, סיידען ער פערלאזט דעם טשער פאר דער צייט וואס ער וויל אנטהייל נעהמען אין דעבאטען.

בייא שטימגלייכהייט זיין ענטשיידונג געבען, ביין אירגענד וועלכען צווייפעל אין דיא פינאנס ביכער האט ער דאס רעכט צו יעדער צייט זייא צו אונטער־זוכען לאזען.

איין קראנקען ברודער איין מאל וועכענטליך בעזוכען. ביים איינפיהרונג נייע ברידער ערקלערען זייא דיא פפליכטען נאך צו קאָממען אונזערע געזעצע, אויך זאָל ער זיין דער פּאָרזיצענדער פאָן דיא דירעקטאָרען.

§ 2. דער וויים פּרעזידענט מוז דעם פּרעזידענט אין אללע פעראיינס אנגעלגענהייטען העלפען, אין זיין אבוועזענהייט זיין שטעללע פערנעמען, קראנקע מיט־גליעדער איין מאל וועכענטליך בעזוכען, דיא מינארא־טעט פאן אללע קאָמיטטען צו ערנענען, אויך דער פּאָרזיצענדער פאָן דיא פינאנס־קאָמיטטע זיין.

§ 3. דער פראָטאָקאָל־סעקרעטער מוז בייא יעדען מיטינג בייא וואהנען, אין אללע פערהאנדלונגען פאָן דיא מיטינגען אין פּראָטאָקאָל־בוך ריכטיג איינשרייבען. און ביים ערעפנונג פאָן יעדען מיטינג דעם פּראָטאָקאָל פאָן לעצטען מיטינג פאָרלעזען, אללע קאָרעספּאָנדענציעס פיהרען, אללע קאָמיטטעען איינבערופען, פאָרגעשלאגענע קאנדידאטען איינשרייבען, בייא איין טויטען פאל פאן איין ברודער אָדער זיין פרויא, זאָל ער אללע ברידער וואס געפינען זיך אין שטאדט שריפטליך איינלאדען צו דער לויה, און מעלדען דעם פּאָרזיצענדען פאָן חברה קדישא. אללע איינגאהמען און אויסגאבען פאָן פעראיין אין יעדען פּראָטאָקאָלל איינשרייבען. בייא יעדען פינאנס־רעכענונג מוז ער אנוועזענד זיין מיט דעם פּראָטאָקאָל־בוך, און אללע בייא לאאם. אין איין בעזונדער בוך איינשרייבען, אויך אללע שטראפען באמערקען אין דעם פינאנס־סעקרעטער איבערגעבען דיא ליסטע פאָן דיא שטראפירטע ברידער יעדען אנפאנג קוואָרטאל אויך אין פּראָטאָקאָל בוך איינשרייבען דיא שטראפען און דיא אורזאכע פאן דיא שטראפע. אויך מוז ער אללע ביכער וועלכע געפינען זיך בייא איהם, וויא אויך אללע נייטהיגע פאָפירען זיינעס נאכפאָלגער אין גוטען אָרדער איבערגעבען.

§ 4. דיא פפליכטען פאָן פינאנס־סעקרעטער איז אללע פערזאמלונגען בייא צו וואהנען. ער זאָל דיא אייננאהמען און אויסגאבען ריכטיג נאָטירען און נאך יעדען מיטינג אללעס פאר דיא ברודער פאָרלעזען, איין ריכטיגען רעכענונג צווישען דעם פעראיין און דיא ברידער פיהרען. אללע איינגאהמען פאָן פעראיין נעהמען און געגען קוויטונג פאָן טרעזשורער איהם איבערגעבען, אללע איינגאהמען און אויסגאבען צום פראָטאָקאָלל־סעקרעטער ריכטיג איבערגעבען צום איינשרייבען אין פראטאקאל־בוך. דעם פערטלליער־ליכען פינאנס־רעכענונג פאן פעראיין אנפערטיגען און אונטערשרייבען, אויך איין געפרינטעטען יערליכען פינאנס בעריכט מאכען און אללע ברידער אנטהיילען, און דעם רעכענונג פאן פעראיינס דאקטאר פיהרען, צווייא מיטינגען פאר יעדען גענעראל פערזאמלונג שריפטליכע נאטיץ צו אללע ברידער ארוים שיקקען און אללע זייערע שולדען, באמערקען, נאכהער בעפאר דעם ערשטען מיטינג פאן יערען קווארטאל רעדזשיסטע לעטערס ארויס שיקען צו דיא ברידער וועלכע האבען ניט איינגעצאהלט בייא דיא לעצטע איינצאהלונג און ביים זעלבען מיטינג וועלכער איז שטרייך אבענד מעלדען דעם פרעזידענט אללע ריקשטעהענדע ברי־

דער (און דער פרעזידענט זאל פאר דער פערזאמ־
לונג פארליינען פילליכט וויל יעמאנד פאר דעם
ברודער איינצאהלען, זאנסט איזט ער נעשטריכען
און ער האט צייט איינצוצאהלען מעהר ניט וויא ביז
נעכסטען מיטינג). אויך איז דער פערמיט בוך פאר
בעערדינונגס אונטער זיין אויפזיכט.

§ 5. דער טרעזשורער זאלל פאן פינאנס־
סעקרעטער אללע געלדער פאן פעראיין נאך יעדען
מיטינג נעהמען און אונטער־שרייבען אויף יעדע סוממע
וועלכע ער נעהמט, אללע צושריפטען פאר אויסגאבען
וועלכע זיינען פאן פרעזידענט און פינאנס־סעקרעטער
אונטערשריעבען — אויסצאהלען און פיהרען איין
רעכענונג פאן אללע איננאהמען און אויסגאבען, אום
ביים פינאנס רעכענונג זאללען אללע רעכענונגען
שטיממען, ד. ה. דעם טרעזשורערס רעכענונג מיט
דיא ביכער, אללע פעראיינס געלדער איבערגעבען צו
דיא טראסטיעס אום אין דיא ביינק צו דעפאנירען,
אונטערשרייבען אללע פינאנס רעכענונגען, בעפאר
זיין אינסטאליישאן דארף ער געבען פופציג דאללאר
קעש סעקיוריטע און מעהר וויא דיא סוממע איזט
איהם ניט ערלויבט בייא זיך צו האלטען אדער
הונדערט דאללאר ריעל עסטייט סעקיוריטע געבען.

ער בעקומט 3$ איין יאהר סאלערי און אינטערעסען.

§ 6. דער האָספּיטאלער איזט פערפּפליכטעט, ווען איין ברודער פאָן פעראיין מעלדעט זיך צו אידם קראנק, אָדער איין שבעה ר״ל, צו שיקען אקאָמיטע איין ברודער יעדען טאג נאך דעם אלפאבעט און ער דארף טרייען צו שיקען יענע ברידער וועלכע וואהנען אין דיא נאכבארשאפט פאָן קראנקען אויך מוז ער גלייך מעלדען דעם פעראיינס־דאָקטאָר, דעם פּרעזידענט און וויים־פּרעזידענט, און ברענגען איין קארט צום קראנקען ברודער אום דיא קאָמיטע זאָל זיך יעדען טאג אונטערשרייבען אויף דיא קארט.

§ 7. דער פיהרער זאָל דעם פּרעזידענט אין זיינע פפליכטעןביים מיטינג בייהילפיג זיין. און דעם באלאטאזש פאר נייע קאנדידאטען פאָר צובערייטען, און אריין פיהרען אין מיטיננס־לאָקאל דיא נייע קאנדידאטען.

§ 8. דיא טראסטיעס דארפען אויף דעם איינגענטהום פאן פעראיין אויפפאססען, אללע נויטיגע זאכען איינשאפפען, געלד אין דיא בענק דעפּאָני־רען צוזאממען מיט דעם טרעזשורער אדער פינאנס סעקרעטער. דער ערשטער טראסטי דארף געבען סעקיוריטע 25 דאָללאר קעש אָדער 50 דאָללאר

ריעל עסטייט, בעפאָר זיין אינכּמאָליישיאָן אויך ציהען געלד פאָן דיא ביינק נור דיא סוממע פיעל ביים מיטינג איזט בעשלאָססען געווארען, און זייא דארפען וויסען אויף וועלכען צוועק ווערט דיא געלד געצויגען פאָן דיא ביינק, און אכטונג געבען אז אללע אויס־צאהלונגען זאָללען ריכטיג און פּינקטליך אויסגעצאהלט ווערען.

§ 9. דיא פפליכטען פאָן דיא דירעקטאָרען זיינען צו אכטונג געבען און אלגעמיין צום וואָהל און בעסטען פאָן פעראיין, און האלטען מיטינגס יעדען מאָנאט אום צו בעשפרעכען וועגען דעם וואהל און בעסטען פאָן פעראיין, אכטונג געבען דיא מיטינגען זאָללען פּינקטליך שטאטטפינדען, און אין מיטינגס לאָקאל אָרדענונג האלטען, און ווען נאָטהווענדיג א שפּעציאל מיטינג צו בערופען, נאָטהלידענדע מיט־גליעדער אטענדען וויא עס איז געשריעבען ארטיקעל 9 § 19. אויך דארפען זייא אטענדען אללע טויטען פעלע, אָדער איין עקסידענט פאָן איין ברודער אָדער זיין פאמיליע און ער דארף האבען באלדיגע הילפע דארפען זייא אטענדען אלעס געזעצליך. אויך אויפ־פאסען אויף דיא אויפנאהמע פאָן נייע קאנדידאטען, און אויף אללע בעאמטע, אז יעדערער זאל ערפילען

ריכטיג זיין פפליכט, און ווען נויטהיג איז מיט איין ריכטיגע אורזאכע צו יעדער צייט האבען זייא דאס רעכט צו קאנטראָלירען דיא ביכער פאן פעראיין און אויפפאָדערן יעדען אז אללעס זאל ריכטיג און פינקטליך געפיהרט ווערען.

אויך האבען זייא רעכט צו פערקויפען איין בעערדיגונגס פלאץ געזעצליך לויט ארטיקעל 10. § 22, און דעם לאהן פאָנד זאָללען זייא אונטער זייער אויפזיכט האלטען, אויך איין קלאגע געגען א ברודער זאָללען זייא ענטשיידען.

§ 10. דער איננערע וואַכע דארף בייא אללע פערזאמלונגען אנוועזענד זיין, און ביים טיהר וואַכע צו האלטען און קיין פרעמדען פערזאן אדער קאָמי־טעען אָהנע ערלויבניש פאן פרעזידענט אין פער־זאמלונגס לאָקאל ניט אריין לאססען.

און פאָן יעדען אריין קוממענדען ברודער אין לאָקאל דעם פאסיר ווארט אב צו נעהמען און אללע ארדערס פאן דעם פרעזידענט פינקטליך צו אטענדען.

§ 11. אללע בעאמטען דארפען אם ענדע פאן זייער טערמין אללע פעראיינס געגענשטענדע וועלכע איז געווען אונטער זייער אויפזיכט צו זייערע נאכ־פאָלגער אין אמט אין בעסטען ארדענונג איבערגעבען.

## ארטיקעל 6.

קאמיטטעען און זייערע פפליכטען.

§ 1. דיא קאמיטעען פאַן דיזען פעראיין זיינען וויא פאָלגט;

1) קאנדידאטען אונטערזוכונגס קאמיטטעע
2) פינאנס קאמיטטעע
3) קראנקען און שבעה קאמיטטעע
4) לייכען קאָמיטטעע (ח"ק)
5) אונטערשטיטצונגס קאָמיטטעע.

§ 2. קאנדיאאטען אונטערזוכונגס קאמיטטעע זאל זיין פאן דיא דירעקטאָרען, דרייא פּערזאָן דארפען זיין איין קאָמיטטעע ביים קאנדידאט, און זייא האבען רעכט צו אפּאינטען אנדערע ברידער פאָן פעראיין אלס קאמיטטעע, און דיא פערהאנדלונגען ווענען דיא אויפנאהמע פאן דיא קאנדידאטען זאללען אבגעהאלטען ווערען בייא דיא מיטינגען פאן דיא דירעקטארען, און דעם בעריכט אריין בריינגען צום רעגעלען מיטינג פאן פעראיין.

§ 3. דיא פינאנס קאמיטטעע זאל בעשטעהן פאן 5 פּערזאן, דרייא אפּאינטעט דער פּרעזידענט און צווייא דער וויים פּרעזידענט אם ענדע פאן יעדען קווארטאל, זייא דארפען קענען שרייבען, לעזען און

רעכנונגען, זייער פפליכט איז: קאנטראלירען אללע ביכער פאָן דיא פינאנסען פאן פעראיין, און ווען זייא געפינען אלס קאָרעקט, זאָללען זייא זיך אונטערשרייבען און ביים נעכסטען מיטינג פאָן פעראיין בעריכטען, נאכהער זאל דער פינאנס סעקרעטער פאָר־לעזען דעם גאנצען פערטיל־יעהרליכען פינאנס רעכנונג פאר דיא פערזאמלונג.

אויך מוזען אללע אנוועזענד זיין ביים פינאנס רעכענונג דער פראָטאָקאָלל סעקרעטער און מיט ברענגען דעם פראטאקאל בוך, דער טרעזשורער און דער וויס פרעזידענט וועלכער איז טשערמאן פאן דיא פינאנס קאממיטטעע.

§ 4. דיא קראנקען און שבעה קאמיטעען וועלכע דער האספיטאלער שיקט יעדען טאג צום קראנקען אָדער אבל ר״ל איז זייער פפליכט דעם קראנקען ברודער אָדער אבל פערזענליך צו בעזוכען און אינטערשרייבען זיך אויף דיא קארטע וועלכען טאג ער האט דעם קראנקען בעזוכט און ביים נעכסטען מיטינג בעריכטען אין וועלכען צושטאנד ער האט געפונען דעם קראנקען, שריפטליכע בעריכטען זיינען אויך גילטיג.

§ 5. ווען דער קראנקער ברודער דארף אריין

געבראכט ווערען אין איין האָספיטאל, איז דיא פפליכט פאן האספיטאלער, פּרעזידענט און וויס־פרעזידענט אריין ברענגען דעם קראנקען אין האכפיטאל אויף דעם פעראיינס קאָסטען דער אריין ברענגען, און עס זאל דיא עקכפענס מעהר ניט פאן 10 דאָללאר בעטרעפפען. און איין קאמיטטעע דארף דעם קראנ־קען בעזוכען אין דיא טעג וועלכע איז ערלויבט פאן האספיטאל.

§ 6. ווען דיא קרא.קהייט איז אנשטעקענד דאן דארף דער האספיטאלער ניט שיקען קיין קאמיטטעע, נאר פיל מעגליך, דארף דער האכפיטאלער ערקונ־דיגען זיך, דעם צושטאנד פאן קראנקען ברודער, און אין פעראיין צו בעריכטען.

§ 7. דיא לייכען קאמיטטעע (חברה קדישא) זאל בעשטעהן פאן 15 פערזאן וועלכע דער פרעזי־דענט אפאינטעט נאך זיין אינסטאליישיאן אין מאנאט יולי, אויף איין יאהר. זייא דארפען זיין שטרענג אָרטאָדאָקסישע מעננער, קיינע מחללי שבת בפרהסיא, זייער פפליכט איזט צו בעהאנדלען א נפטר נאך דעם יודישען מנהג וכדין. דיא נבאים ערוויילען דיא חברה קדישא ביא זייער חברה קדישא מיטינג יעדען ט״ו כסליו אויף איין יאהר. זייער פפליכט איז צו אטענדען

אללעס וואס בעלאנגט צום בעערדיגען פאן איין נפטר.

§ 8. דיא גבאים דארפען אכטונג געבען אז אויף דיא סעמעטער פאן פעראיין זאל אלעס זיין אין ריכטיגען אָרדער, און אז זייא געפינען אז מען דארף א תקון אויף דער סעמעטערי דארפען זייא אין פעראיין מעלדען.

§ 9. דיא אונטערשטיצונגס קאמיטע דארפען זיין פאן דיא דירעקטארען. זייער פפליכט איז ווען א ברודער מעלדעט זיך אין דער נויטה ריכטיג און געזעצליך צו אטענדען לויט ארטיקעל 9 § 19.

## ארטיקעל 7.

### אויפנאהמע פאן נייע מיטגליעדער.

§ 1. יעדער פערזאָן וועלכער ווינשט צו ווערען איין מיטגליעד פאן דיעזען פעראיין זאלל ניכט זיין אינגער פאן 18 יאהר, און אויך ניט עלטער פאן 40 יאהר. ער זעלבסט וויא אויך זיין פאמיליע מוזען דעם אידישען גלויבען געהערען, און זיין פאן גוטען מאָראלישען כאראקטער. ער דארף זיך אנשטענדיג אויפפיהרען אין זיין פאמיליע און אין געזעללשאפט. ער זעלבסט, אויך זיין פאמיליע מוזען זיין קערפער־ליך און גייסטליך געזונד. און דארף זיך, אויך זיין פאמיליע אנשטענדיג ערנערען, און מוז וועניגסטענס

6 מאָנאט אין דיעזען לאנד זיין. און דאס אללעס דארף יעדער פאָרשלעגער גוט ערקונדיגען בעפאר ער שלאגט פאַר איין נייעם קאנדידאט.

§ 2. קאנדידאטען קאנען פאָרגעשלאגען ווערען נור פאן מיטגליעדער פאָן פעראיין, דער פאָרשלעגער דארף איין דאָללאר פאָרשלאגס־געלד פאָראויס איינצאהלען, און אנגעבען צו דעם פראָטאקאָל־סעקרעטער, דעם נאמען פאָן קאנדידאט, זיין עלטער, אדרעססע, בעשעפטיגונג, געבורטס פלאטץ, פערהייראט אָדער סינגעל און דאס אללעס דארף אין פראָטאָקאָל־בוך נאָטירט ווערען, אויך דעם נאמען פאָן פאָרשלעגער נאָטירען אין דיא נעמען פאָן דיא אונטערזוכונגס קאָמיטע.

§ 3. ווען דער פאָרגעשלאגענער קאנדידאט ווערט אנגענאָממען פאר גינציג, דאן זאָלל דער פרעזידענט איבערגעבען צו דיא קאנדידאטען אונטערזוכונגס־קאָמיטע וועלכע בעשטעהט פאָן דיא דירעקטאָרען און זייא זאָללען אללע פערהעלטניססע פאָן קאנדידאט אונטערזוכען, און ביים נעכסטען מיטינג בעריכטען.

§ 4. ווען דער בעריכט פאָן קאָמיטטע איז גינסטיג, און קיינער איז דאגעגען זיא אויפנאהמע פאָן דעם קאנדידאט, דאן זאל ער באלאטירט ווערען,

דיא ווייסע קוגלען לויטען גינצליך, און ניט וויינינער פאָן דרייא שווארצע קוגלען—ניט גינצליך, און זיין דאָללאר פאַרשלאגס־געלד בעקוממט ער צוריק און קען פאָר 6 מאָנאט נאך איינמאל ניט פאַרגעשלאגען ווערען אין דיעזען פעראיין. צום באללאטירען מוזען געהן ניט וועניגער פאָן 10 מיטגליעדער.

§ 5 ווען א ברודער פראָטעסטירט פאָר דעם באלאטירען, געגען דיא אויפנאהמע פאָן איין קאנדידאט מיט איין ריכטיגע אורזאכע, דאן זאָללען דיא ברידער ענטשיידען אויף דיא אורזאכע איז ריכטיג אב צו וויזען דעם קאנדידאט, ווען צוויא ברידער פראָטעסטירען דאן איז דער קאנדידאט אבגעוויזען אן דעבאטען.

§ 6. ווען דער קאנדידאט איז פאָן באלאטאזשע גינצליך, דאן זאל דער פראָטאָקאָל־סעקרעטער שיקען איהם א לעטער אז ער וויא אויך זיין פרויא זאָללען געהן צום פעראיינס דאָקטאָר מיט איין קאמיטטע פאָן 3 מיטגליעדער פאן פעראיין. און נעהמען איין דאקטאר־אטעסט און ערשיינען צים נעכסטען מיטינג צום איינפיהרונג ווען דער דאקטאר־אטעסט לויטעט אז ער מיט זיין פרויא זיינען געזונד. ער האט דאס רעכט צו ווארטען ביז דעם דריטטען מיטינג אריינ־געפיהרט צו ווערען, אבער ווען ער קאממט ניכט צום

דריטטען מיטינג נאך דעם וויא ער האט ערהאלטען דעם לעטער פערלירט ער זיין רעכטע אריין צו קוממען אין דיעזען פעראיין ביז נאך 6 מאנאט, אויך זיין פאָרשלאגס געלד פערלירט ער.

§ 7. אז דער דאקטאר־אטעסט לויטעט אז ער איז געזונד נור זיין פרויא איז ניט געזונד, ווערט ער אב געוויעזען.

§ 8. ווען דער פעראיין ווייזט אב דעם קאנדידאט בעקאמט ער זיין פאָרשלאגס געלד אויסגעצאהלט. אבער ווען ער ווערט ניט איינגעפיהרט הורך זיין אייגענע שולד פערלירט ער זיין פאָרשלאגס געלד.

§ 9. איין אבגעוויעזענער קאנדידאט ווען ער איז פאָרגעשלאגען געוואָרען נאך 6 מאָנאט און איז צום צווייטען מאל אויך אבגעוויזען געווארען, קען ער מעהר אין דיעזען פעראיין ניט פארגעשלאגען ווערען אימער.

§ 10. אז דער דאקטאר־אטעסט לויטעט אז ער מיט זיין פרויא זיינען געזונד, דאן זאל ער איינצאהלען זיין איינפיהרונגס געלד, און אריין געפיהרט ווערען אין לאָקאל און דער פרעזידענט זאל איהם ערקלעהרען זיינע פפליכטען צום פעראיין און דאן אלס מיטגליעד ערקלעהרט ווערען.

§ 11. קאנדידאטען וועלכע וואָהנען ווייטער פאן נויארק, ברוקלין, האַרלעם און בראנקס קאננען אין פעראיין ניט אנגענוממען ווערען.

§ 12. א קאנדידאט וועלכער איז ניט מל זיינע קינדער נאך דעם אידישען דין קאן אין פעראיין ניט אנגענוממען ווערען, אָדער ער איז מיט זיין פרויא ניט פערהייראטה כדת משה וישראל קאן ניט אנגע־נוממען ווערען.

ארטיקעל 8.

פאָרשלאגס־געלד איינטריט, דיוס און טעקסעס.

§ 1. פאָרשלאגס געלד פאָן יעדען קאנדידאט איז 1$. איינטריטס געלד פאר נייע קאנדידאטען:

| | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|
| פאָן | 18 | יאהר | ביז | 25 | יאהר | 2 25 |
| „ | 25 | „ | „ | 30 | „ | 2.75 |
| „ | 30 | „ | „ | 35 | „ | 3.25 |
| „ | 35 | „ | „ | 40 | „ | 3.75 |

דיא איינטריטס געלד דארף יעדער קאנדידאט אין אדוואנס בעצאהלען בעפאָר ער ווערט אריין געפיהרט.

§ 2. אויסער דיא איינטריטס געלד זאָל יעדער נייער מיטגליעד געטעקסט ווערען מיט 2 דאָללאר פאר סעמעטערי וועלכע ער דארף אויכצאהלען אין דיא ערשטע 4 קווארטאלען נאך זיין איינפיהרונג.

§ 3. דיא רעגעלמעססיגע בייטראגע פאָן יעדען מיטגליעד איז א דאָללאַ־ מיט 50 סענט א קוואָרטאל.

§ 4. איין קאן יעדער ברודער געטעקסט ווערען צו יעדער צייט פאר אזעלכע צוועקען וואס דער פעראיין געפינט פאר נויטהיג.

§ 5. אויסער דיא בייטראגע, איז יעדער ברודער געטעקסט בייא איין שטערבענפעללע מיט $1 און בייא איין שטערבעפעללע פאָן אברודערס פרויא מיט 50 סענט, און דיא טעקס דאַרף נעקאלעקטירט ווערען, און אויסגעצאהלט ווערען ניט שפּעטער פאָן 60 טעג, פאָן דעם טאג וואס דער טויטענפאל איז געמעלדעט געווארען אין פעראיין.

§ דיא טעקס פאר איין טויטענפאל דארפען נייע ברידער אויך צאהלען, זאָגאר זייא בעלאנגען נאָך קיינע 6 מאָנאט אין פעראיין, און זיינען אלליין ניט בערעכטיגט צו דעם טעקסט.

§ 7. דיא קוואָרטאל בייטרעגע, טעקסען אין שטראפען קאננען אויסגעצאהלט ווערען אין דיא לעצטע 3 מיטינגען פאן יעדען קוואָרטאל, און דער ברודער וועלכער צאהלט ניט איין בייא דיא לעצטע איינצאהלונג, דאן מוז דער פינאנס־סעקרעטער צום 4־טען מיטינג וועלכער איז שטרייך אבענד, רע־

דזשיסטע לעטערס ארויס שיקען צו אללע ריקשטע־
הענדע ברידער, און דער וואס צאהלט ניט איין ביים
4-טען מיטינג נאכהער וויא איין רעדזשיסטער לעטער
איזט צו איהם געשיקט געוואָרען, ווערדט ער געשטרי־
כען פאָן פעראיין. דיא רעדזשיסטע לעטערס זאָללען
אויף דיא עקספּענס פאָן דיא ריקשטעהענדע ברידער
געשיקט ווערען.

§ 8. יעדער געשטריכענער ברודער פערלירט
אללע רעכטע צום פעראיין נאך דעם וויא ער איז
געשטריכען, ער איז ניר בערעכטיגט איינצוצאהלען
נור ביים נעכסטען מיטינג דעם פינאנס־סעקרעטער,
און ווערען גוטשטעהענד און בעקומט צוריק זיין רעכט
צום פעראיין פאָן דאס נייא. פאָן דער צייט וואס ער
האט איינגעצאהלט ביים מיטינג. פאר דער צייט פאָן
שטרייך אבענד ביז נעכסטען מיטינג קאן ער קיין
זאך ניט פאָדערען פאָן פעראיין.

§ 9. ווען ער צאהלט ניט איין ביים נעכסטען
מיטינג נאך דעם שטרייך אבענד דאן איז ער געשטרי־
כען פאָן פעראיין און דארף ווארטען 6 מאָנאט ווען
ער ווינשט נאך איינמאל פאָרגעשלאגען צו ווערען
אין דיעזען פעראיין.

§ 10. דער ברודער וואס פערנאכלעססינט

זיינע צאהלונגען און לאסט זיך שטרייכען א צווייטען מאל, דאן זאָללען דיא ברידער ענטשיידען צו האט ער דאס רעכט איינצאהלען ביז נאך א מיטינג נאך דעם שטרייך אבענד, אבער דער וואס האט זיך געלאזען שטרייכען 3 מאל נאך דער רייהע, דאן איז ער גלייך געשטריכען ביים שטרייך אבענד, און קאן מעהר ניכט פאָרגעשלאגען ווערען אין פעראיין.

§ 11. ווען איין רעדזשיסטער לעטער קאמט צוריק צום סעקרעטער, קאן דער ברודער אויך געשטריכען ווערען מיט דער בעווייזע פאָן פאָסט רעסיט אליין.

§ 12. איין געוועזענער ברודער מוז ביים צווייטען מאל אריין קאממען אין פעראיין איינצאהלען אללעס וויא איין נייער קאנדידאט פאָרשלאגס געלד, איינטריטס, פאר סעמעטערי, און אויך איין העלפט פאָן זיינע שולדען פאר וועלכע ער איז געוועזען געשטריכען, און איז ניכט בערעכטיגט צו קיין בענעפיט בעפאָר 6 מאָנאט, מעהר ניט צו קרקע אָהן עקספענס און מוז נאבקאָממען לויט ארטיקעל 7.

§ 13. איין מיטגליעד וועלכער געהט ארויס איין צווייטען מאל פאָן פעראיין, קאן אין דיעזען פעראיין מעהר ניכט פאָרגעשלאגען ווערען אימטער.

§ 14. ווען א ברודער האט בעלאנגט 10 יאהר צום פעראיין, נאכהער האבען איהם די אומשטענ־דען אויס ארעמקייט געצוואונגען ארויס צו געהן פאן פעראיין, און ער בעלאנגט ניט צו קיין געזעללשאפט, דאן איז דער געוועזענער ברודער בערעכטיגט צו קרקע אָהנע עקספענס, ווען ער האט ניט געפאָדערט און איז בעערדיגט געווארן אויף איין אנדער סעמע־טערי איז ער צו קיין זאך ניט בערעכטיגט.

§ 15. מיטגליעדער וועלכע פאהרען ארויס מיט זייערע פאמיליעס, פאָן דיא ערטער וואָ דער פעראיין נעמט אריין נייע קאנדידאטען לויט ארטיקעל 7 § 11. דארפען פאָראויס איינצאהלען בייטרעגע פאר 6 מאָ־נאט און נעהמען פאָן סעקרעטער איין אברייזע קארטע און דיא ברידער זיינען ניט בערעכטיגט צו קיין בענעפיט אויך ניט צו קרקע מעהר ניט צו טעקס פאר טויטענפאל. זייא דארפען צאהלען יעדע 6 מאָנאט פאָראויס בייטרעגע, קיין טעקס דארפען זייא ניט צאהלען, אויסער טעקס פאר טויטען פעלע דארפען זייא צאהלען, ווען א ברודער פאהרט ארויס ניט גע־מאָלדען דעם פעראיין און ניט איינגעצאהלט, דאן ווערט ער גלייך סוספענדירט פאן פעראיין.

§ 16. א ברודער וועלכער הייראטעט א קריסט־

ליבע פרויא אָדער עד איז ניט מל זיינע קינדער כדת זאָל ער סוכּפּענדירט ווערען פאָן פעראיין און ער קאן ניעמאלס בעלאנגען צוריק.

ארטיקעל 9.

פפליכטען און רעכטע דער מיטגליעדער.

§ 1. עס איז דיא פפליכט פאָן יעדען מיט־גליעד אללע פערזאמלונגען פאָן פעראיין זאָ אָפט וויא מעגליך צו בעזוכען, און אנטהייל נעהמען אין אללעס צום וואהל און בעסטען פאָן פעראיין, און ווען ער נעהמט אן איין קאָמיטטעע פינקטליך צו אטענדען, זיין פפליכט וואס איז איהם איבערגעגעבען, דיא געזעצע פאָן פעראיין פינקטליך צו פאָלגען, קיין ברודער צו בעליידיגען אָדער אומרעכט טהון, בייא דיא מי־טינגען זיך רוהיג צו האלטען און אנטהייל נעהמען אין אללע פערהאנדלונגען און דעבּאטען.

§ 2. יעדער ברודער דאוף זיינע בייטרעגע טעקסען אין אללע שולדען היטען פינקטליך צוצאהלען.

§ 3. יעדער ברודער וועלכער בעלאנגט שוין 6 מאָנאט אין פעראיין אין איז גוטשטעהענד, איז בערעכטיגט צו קראנקען בענעפיט ניט מעהר וויא 10 וואָכען צו 6 דאָללאר יעדע וואָך, און 10 וואָכען צו 3 דאָללאר א וואָך, ווען ער איז קראנק און עס

ווערט בעוויזען, אז צוליעב דער קראנקהייט קאן ער ניט אטענדען זיין בעשעפטיגונג אָדער ארבייט. דיא קראנקען בענעפיט דארף דער פעראיין צאהלען פאָן דעם טאג וואס דער קראנקער האט זיך געמאָלדען צום האָספיטאלער.

§ 4. קיין מיטגליעד קאן ניט מעהר וויא 90 דאָללאר קראנקען בענעפיט יעהרליך בעקומען, דער יאהר פאנגט זיך אן דעם טאג וואס דער קראנקער ברודער האט זיך געמאָלדען צום ערשטען מאל צום האָספיטאלער. און דער ברודער וועלכער האט שוין דיעזען יאהר זיין פוללען קראנקען בענעפיט גענומען פאָן פעראיין. קאן זיך ניט מעלדען קראנק ביז דער זעלבער דאטע אין נעכסטען יאהר.

§ 5. ווען א ברודער ווערט קראנק דארף ער מעלדען דעם האָספיטאלער, און ער מוז גלייך בע־זוכען דעם קראנקען ברודער און מיט ברענגען איין קארטע, נאכהער יעדען טאג שיקען איין קאָמיטטעע צום קראנקען ברודער, און יעדער קאָממיטטעע־מאן זאָל זיך אויף דיא קארטע אונטערשרייבען וועלכען טאג ער האט דעם קראנקען בעזוכט, און מעלדען צום פעראיינס־דאָקטאָר אום ער זאָל דעם קראנקען בעזוכען, אויך דיא ברידער וועלכע וואָהנען אין דיא

ווייטע סטריטין אָדער ברוקלין, דאורף דער דאָקטאָר זייא איין מאל אין וואָך בעזוכען, אום צו אונטער־זוכען דעם קראנקען אויב ער איז ווירקליך אומפעהיג צו אטענדען זיין ארבייט אָדער ביזנעס.

§ 6. קיין ברודער קאן זיין קראנקען בענעפיט בעקאָממען זאָ לאנג דיא קאָממיטטעען וועלכע זיינען פאָן האספיטאלער געשיקט גיבען ניט איבער אין זייער בעריכט אז זייא האבען איהם ווירקליך קראנק געפינען און זאָ לאנג דער דאָקטאָר גיט ניט ארויס קיין אטעסט וועלכער בעשטעטיגט אז ער איז קראנק און איז אום פעהיג צו ארבייטען.

§ 7. ווען א ברודער איז קראנק און איז אום פעהיג צו ארבייטען און קאן ארום געהן, בעקומט ער זיין קראנקען בענעפיט, קיינע קאָמיטטעען דארף מען צו איהם יעדען טאג ניט שיקען, ער דארף פער־זענליך זיך מעלדען יעדען טאג צום האָספיטאלער, איין דאָקטאָר־אטעסט מוז ער צו שמיעללען.

§ 8. ווען אַ ברודער איז קראנק אויף איין חראָ־נישע קראנקהייט, און ער האט שוין בעקוממען פאר דיעזע קראנקהייט 20 וואָכען קראנקען בענעפיט זאָגאר מעהר וויא 1 יאהר צייט קאן ער שוין מעהר ניט זיך מעלדען קראנק אויף דיא חראָנישע קראנקהייט אימער.

§ 9. פאַר אונמאראלישע קראנקהייטען צאהלט ניט דיעזער פעראיין קיין קראנקען בענעפיט.

§ 10. ווען א ברודער זיצט שבעה ר"ל זאָל ער אויך 6 דאָללאר שבעה געלד בעקאממען.

§ 11. אז א ברודער איז קראנק און אין דער זעלבער צייט ווערט ער איין אבל ר"ל אָדער פערקעהרט, בעקומט ער נור איין בענעפיט, קיין צווייא בענעפיטען פאר דער זעלבער צייט צאהלט ניט דיעזער פעראיין.

§ 12. ווען דער קראנקער ברודער איז זעלבסט שולדיג אין זיין קראנקהייט בעקאמט ער ניכט קיין קראנקען בענעפיט.

§ 13. אז דיא קאססע בעשטאנד פאן פעראיין בעשטעהט מעהר ניט וויא 500 דאָללאר, דאן זאָלל דיא קראנקען בענעפיט זיין 10 וואָכען צו 3 דאָללאר און 10 וואָכען צו 1 דאָללאר מיט 50 סענט א וואָך, ווען דיא קאססע ווערט פערקלענערט אויף דיא סוממע פאָן 300$ דאן ווינען אללע בענעפיטס געשלאָססען.

§ 14. קיין מיטגליעד איז בערעכטיגט צו קראנקען בענעפיט פאר וויניגער פאָן איין גאנצע וואָך קראנק זיין. דיא ערשטע וואָך, אבער נאך דיא ערשטע וואָך בעקומט ער קראנקענבענעפיט פאר יעדען טאג

לויט דעם רעכענונג פאָן 6 דאָללאר א וואָך.

§ 15. ווען איין קראנקער ברודער ליעגט אין האָספיטאל איז ער בערעכטיגט צו קראנקען בענע־פיט, און איין דאָקטאָר־אטעכט דיא צייט וואס ער איז אין האָספיטאל, איין קאָממיטע דארף מען שיקען צו איהם נור אין דיא טעג וועלכע עס איזט ערלויבט פאָן האָספיטאל צום בעזוכען קראנקע.

§ 16. אז דער קראנקער ברודער ווערט אמענ־דעט פאן איין אנדער דאָקטאָר און ער ברענגט פאן יענעם איין דאָקטאָר־אטעסט, דאן דארף דער דאָקטאָר אטעסט זיין בעשטעמיגט ביי א איין נאָטארי פובליק זאָנסט בעקומט ער ניט קיין קראנקען בענעפיט.

§ 17. דער פעראיין ערוויילט איין דאקטאָר יעדען יאהר אין צייט פאָן וואהל פאר בעאמטע אום דיא קראנקע ברידער פרייא צו בעהאנדלען.

§ 18. אללע ברידער מוזען בעצאָהלען צום דאָקטאָר סינגל, און צאהלען 25 סענט א קווארטיל, און ווער עס וויל בעלאנגען צום דאָקטאָר מיט דיא פאמיליע דארף ער יעדען קווארטאל פאָראויס איינ־צאהלען לויט בעדינגוננגען מיט זייא.

§ 19. ווען איין מיטגליעד מעלדעט זיך אין נויטה פערזענליך אָדער שריפטליך אָדער דורך איין

צווייטען ברודער און פערלאנגט פאָן פעראיין שטיצע, דאן זאָללען דיא דירעקטאָרען גלייך שיקען איין קאָמיטטעע אויס צו געפינען אין פיעל בעשטעהט דעם ברודערס נויטה, און ווען זייא געפונען אויס אז ער איז ווירקליך נויטהליידענד, האבען זייא רעכט צו געבען איהם 5 דאָללאר, און ביים נעכסטען מיטינג מעלדען אום וועגען דעם נויטהליידענדען צו פערהאנדלען, און דער סעקרעטער זאל בעמערקען אין דיא פאָסאל קארדס וועגען שטיצע א ברודער. און ער ווערט געשטיצט לויט דעם בעשלוס פאָן פעראיין, יעדער נויטהליידענדער ברודער איז בערעכטיגט צו שטיצע ניר צווייא מאל אין יאהר.

§ 20. אבער ווען זייא געפינען אויס אז דער נויטהליידענדער ברודער קאן ניט ווארטען ביז נעכסטען מיטינג, האבען זייא רעכט צו פאר רופען איין עקסטרא שפעציאל פערזאמלונג וועגען שטיצען דעם ברודער מיט דיא אויפטראגע פאָן דיא פרעזידענטען.

§ 21. ווען אָ ברודער ווערט געשטיצט דורך טעקסען דיא ברידער, זאָל דער נויטהליידענדער ברודער בעקוממען אויסגעצאהלט פאָן פעראיינס קאססע באלד, און דער פינאנס־סעקרעטער זאל צום נעכסטען קווארטאל צו שרייבען צו יעדען ברודערס שולדען

דיא בעטרעפפענדע טעקס סוממע אין דיא נאָמים.

§ 22. אז א ברודער פערהייראט איין קינד אדער א סיננעל ברודער נעהט הייראטהען דארף דער פעראיין שיקען איין קאמיטטעע אויף דער חתונה און געבען איין פּרעזענט 5 דאָללאר, אבער אז דיא חתונה איז אויסער נויארק אָדער דער בעל חתונה לאדעט ניט איין דעם פעראיין אויף דער חתונה בעקומט ער ניט קיין פרעזענט און קיין קאָמיטטעע.

§ 23. יעדער ברודער האט דאס רעכט פאר זיין לעבען, זיין ענדאוומענט דורך איין אטעסטאמענט איין צו טהיילען וויא ער פערלאנגט, ער דארף אָבער מאכען דעם אטעסטאמענט מיט דעם וויסען פאָן פעראיין און בעשטעטיגען ביא איין נאָטארי פאבליק דאן טאר דער פעראיין ניט משנה זיין פאָן זיין צואה. ווען עס איז ניט דא קיין אטעסטאמענט זאל דיא ענדאוומענטס דיא נעכסטע יורשים אבגעגעבען ווערען, ווען זיין פרויא איז געשיידען פאָן איהם נאך דעם אידישען דין האט זיא קיין רעכט צו דיא איוודאמענט.

## ארטיקעל 10.

### שטערבעפעללע.

§ 1. ווען איין מיטגליעד פאָן פעראיין אָדער זיין פרויא שטארבט ר"ל אין נויארק, זאָל דיא לויה

און דיא בעערדיגונג נאך דעם אידישען געזעטץ בע־האנדעלט ווערען. דער פעראיין איז פערפפליכטעט צו געבען איין פרייען בעערדיגונגס פלאטץ, איין טייטען וואגען, א קערעדזש פאר דיא פאמיליע און א קערעדזש פאר דיא חברה קדישא פאן פעראיין, און אללע נויטהווענדיגע אויסגאבען וועלכע מען ברויכט אין זא איין פאל.

§ 2. ווען א ברודער אדער זיין פרויא שטארבט אין איין האספיטאל אין גרייטער נויארק, דאן זאלל דער ברענגען דיא לייכע, זיין אויף דיא קאסטען פאן פעראיין.

§ 3. איין טויטען פאל פאן איין ברודער אדער זיין פרויא זאל באלד צום פראטאקאל־סעקרעטער געמאלדען ווערען, און ער זאל באלד פאר רופען דיא דירעקטארן און אללע בעאמטע פאן פעראיין און זייא אללע זאלען פאר רופען מונדליך אדער שריפטליך אללע ברידער פאן פעראיין, מלוה צו זיין דעם נפטר ביז דער פעררי, זייא מוזען געהן אין ארדענונג און אין ליין, אנשטענדיג און ערנסט און ניט רייבערן דיא גאנצע וועג ביז דער פעררי, 5 פאן חברא קרישא, ביידע סעקרעטארען און דרייא פאן דיא דירעקטארען מוזען ביז דיא סעמעטערי מלוה זיין

דעם נפטר. זייא האבען דאס רעכט דורך אנדערע ברידער זייער ארט צו פערטרעטען, עס מוזען נור זיין צעהען פערזאן אויף דיא סעמעטערי ביים בעערדיגונג פאן נפטר.

§ 4. דיא בעערדיגונג זאל 24 שטונדען נאך דער מעלדונג שטאטפינדען אום עס זאל זיין צייט אלע נויטהיגע פארבערייטונגען צו מאכען, דיא גבאים מיט דיא דירעקטארען קאננען אפלייגען דיא לויה אויף פיעל צייט עס איז נויטהיג.

§ 5. ווען דער מת ווערט בעערדיגט לויט זיין וואונש פאר זיין לעבען, אדער לויט דער וואונש פאן זיין פאמיליע, אויף דיא סעמעטערי ניט פאן דיעזען פעראיין, דאן דארף דיעזער פעראיין געבען מעהר ניט וויא א קערעדזש פאר דיא פאמיליע פאן נפטר און א קערעדזש פאר דיא חברה קדישא פאן דעם פעראיין, אבער אויף עקספענס זאל דער פעראיין ניט געבען צו דער צווייטע סאסייטע אדער צו דער פאמיליע פאן פערשטארבענעם. דיא לויה דארף זיין לויט § 3 פאן דיעזען ארטיקעל פארגעשריבען איז, אבער א קינד פאן א ברודער ווען עס ווערט בעער־דיגט אויף דיא סעמעטערי ניט פאן דעם פעראיין בעקומט דער ברודער מעהר ניט וויא שבעה געלד

§ 6. ווען א ברודער אָדער זיין פרויא שטארבט אויסער דער שטאדט נויארק און דער זעלבער אָדער זיין פאמיליע ווינשען צו בעערדיגען דעם מת אויף דיא סעמעטערי פאָן דיעזען פעראיין, דאן זאָל דער פעראיין ספענדען מעהר ניט וויא 10 דאָללאר אויף דיא עקסטרע עקספענצעס צו ברענגען דיא לייכע ביז דער סעסעטערי, ווערט אבער דער בר־מינן בעערדיגט דאָרטען וואָ ער איז געשטאָרבען. דאן גיט דער פעראיין מעהר ניט וויא 10 דאָללאר אויף דיא עקספענצעס, דער פונקט איז נור פאר דיא ברידער וועלכע זיינען בערעכטיגט צו קרקע און עקספענס איינשטימיג נאך אינזערע געזעצע, וועגען טעקס פאר טויטען פאל איז געשריעבען ארטיקעל 8 § 5.

§ 7. אז א ברודער פאָן פעראיין שטארבט צו זאממען מיט זיין פרויא בעקוממען דיא יורשים ענדאוו־מענט נור פאר דעם פערשטאָרבענעם פאטער אלליין לוט ארטיקעל 8 § 5.

§ 8. פאָן יעדען ענדאוומענט זאָלל ארונטער גענוממען ווערען 15 דאָללאר סעקיוריטע פאר איין מצבה פאר איין מאן, און 10 דאָללאר פאר איין פרויא אויף איין מצבה סעקיוריטע, און דיא יורשים בעקוממען צוריק אויסגעצאהלט דיא סעקיוריטי, ווען

זייא שטעללען דיא מצבה אין דעם פערלויף פאָן דעם ערשטען יאהר.

§ 9. דיא ברידער וועלכע צאהלען ניט איין אינדאוומענט טעקס, ווערען געשטריכען פאָן פעראיין.

§ 10. דיא אלמנה און יתומים פאן איין פער־שטארבענעם ברודער זיינען ניט בערעכטינט צו שבעה געלד, אויסער ווען דיא יתומים בעלאנגען צום פעראיין דאן בעקוממען זייא שבעה געלד.

§ ווען א ברודער פאָן פעראיין זיצט שבעה ר״ל זאָלל ער מעלדען דעם האָספיטאלער און ער זאָלל שיקען יעדען טאג אַ קאָמיטטעע צום אבל און ווען דיא קאָמיטעע בעריכטעט אז דער ברודער איז שבעה געזעססען, זאָגאר ניכט מעהר וויא גאנצע דרייא טאג, דאן בעקאָממט דער ברודער 6 דאָללאר שבעה געלד, ווען דער מת ווערט בעערדיגט צווייא טעג פאר יו״ט בעקאָממט דער ברודער קיין שבעה געלד.

§ 12. קינדער בעלאנגען צום פעראיין אויף דיא רעכטע פאָן זייערע עלטערן איין זאָהן ביז 18 יאהר און איין טאָכטער ביז זיא הייראטעט.

§ 13 ווען איין ברודערס אַ קינד שטארבט ר״ל, פאָן איין נפל ביז איין יאהר אלט ווירד איין באניא גענעבען און איין בעערדיגונגס פלאטץ און

אללע נויטהווענדיגע אויסגאבען דער צו. פאָן 1 יאהר ביז 3 יאהר אלט ווירד אַ קערדזש געגעבען. פאר דער לייכע פאָן 3 יאהר ביז 6 יאהר אלט, ווירד איין לייכען וואגען געגעבען. פאָן 6 יאהר ביז 18 יאהר אלט, ווירד געגעבען איין לייכען וואגען און איין קערעדזש און אללע איבריגע קאָסטען.

§ 14. פאר קינדער דארף גענוממען ווערען סעקיוריטע פאר מצבות, ביז 3 יאהר 1$ 25 סענט, פאָן 3 ביז 6 יאהר 2$, פאָן 6 ביז 12 יאהר 3$, פאָן 12 ביז 18 יאהר 5 דאָללאר, דיא סעקיוריטע ווירד צוריק אויסגעצאהלט ווען דיא פאמיליע שטעלט איין מצבה אין פערלווף פאָן ערשטען יאהר.

§ 15. ווען אַ ברודער ווילל בעערדיגען זיין פאטער אָדער מוטטער אויף דיא סעמעטערי פאָן דעם פעראיין, דארף ער איינצאהלען 10 דאָללאר פאר דיא קרקע און סעקיוריטע פאר איין מצבה, און אלע עקספענצענס דאצו דארף ער אלליין בעצאהלען.

§ 16. ווען אַ ברודער וויל בעערדיגען זיינע פערוואנדטע אויף דיא סעמעטערי פאָן דעם פעראיין זאָל זיין דער פרייז פאר דיא קרקע לויט דיא אבּ־שטיממונג פאָן דיא ברידער.

§ 17. גאר פאר פרעמדע וועלכע ווילען קויפען

בעערדיגונגס פלעטצער אויף דיא סעמעטערי פאָן דעם פעראיין, איז דער פּרייז פאר קרקע אין ליין פאָן גרויסע 50 דאָללאר, און אין ליין פאר קינדער 25 דאָללאר אָהנע עקספּענצעס, אויך דארפען זייא געבען סעקיוריטע פאר מצבות לויט אונזערע געזעצע.

§ 18. פערקויפען בעערדיגונגס פלעצער האבען דאס רעכט דיא דירעקטאָרען מיט אללע בעאמטע צוזאממען.

§ 19. אויף יעדער גראב מוז ניט שפעטער פאן 1 יאהר איין מצבה געשטעלט ווערען, זאנסט האט דער פעראיין רעכט פאָן דיא סעקיוריטע איין מצבה שטעללען.

§ 20. דיא אלמנה פאָן איין פערשטאָרבענעם ברודער וועלכער האט שוין בעלאנגט אין פעראיין 6 מאָנאט, אויך זיינע קינדער ביז 14 יאהר בעלאנגען צום פעראיינס קרקע ווען זייא בעלאנגען ניט צו קיין געזעללשאפט און זאָ לאנג זיא הייראטעט ניט, גיט זייא דער פעראיין פרייא קרקע אָהנע עקספּענצעס, ווען זייא זעננען בעערדיגט געוואָרען אויף איין אנדער סעמעטערי זיינען זייא ניט בערעכטיגט צו קיין זאך.

§ 21. ווען אַ ברודער פאָן פעראיין הייראטעט איין פרויא וועלכע האט קינדער פאָן איהר ערשטע

מאן, בעלאנגען דיא קינדער צו דיזען פעראיין נור ביז 14 יאהר אלט.

§ 22. צו דיא אלע בענעפיטס זיינען בערעכטיגט נור דיא ברידער וועלכע בעלאנגען שוין צום פעראיין פוללע 6 מאָנאטען, פאר 6 מאָנאטען איז דער ברודער ניט בע־עכטיגט צו קיין בענעפיט אויסער צו קרקע אָהנע עקספענס.

## ארטיקעל 11.

### שטראפען.

§ 1. דער פרעזידענט, וויס־פרעזידענט אוןביידע סעקרעטא־ען ביים אבוועזענהייט פאָן פער־זאמלונג זאָללען מיט 50 סענט בעשטראפט ווערען, און ווען דיא סעקרעטארען שיקען ניט צו דיא ביכער צום מיטינג זאָללען מיט נאך 50 סענט בעשטראפט ווערען, דיא אבוועזענהייט פאָן אלע אנדערע בעאמטע זאָללען מיט 25 סענט בעשטראפט ווערען, נור קראנק־הייט אָדער אבוועזענהייט פאָן דער שטאדט זאָללען אלס ענטשולדיגונג אנגענאָממען ווערען.

§ 2. איין בעאמטער וועלכער איז אבוועזענד דרייא מיטינגען נאך איינאנדער, אָהן איין ריכטיגע אורזאכע, פערליערט ער זיין רעכט אויף זיין אמט, און איין אנדערער זאָל אפאינטעט ווערען און איג־

סטאלירט ווערען אויף זיין אמט.

§ איין מיטגליעד וועלכער ווערט געשיקט פאַן האָספיטאלער צו בעזוכען איין קראנקען אָדער איין אבל ר"ל, און ער בעזוכט נים אָהן איין אורזאכע, זאָל ער מיט 25 סענט בעשטראפט ווערען, און פאר נים בעריכטען ביים נעקסטען מיטינג מיט נאך 25 בעשטראפט ווערען.

§ 4. ווען איין מיטגליעד מעלדעט ניט דעם סעקרעטער זיין נייע אדרעססע 2 מיטינגען, זאל ער מיט 25 סענט שטראפירט ווערען.

§ 5. איין בעאמטער וועלכער פערלאזט דעם מיטינגס-לאָקאל בעפאר דער מיטינג איז געשלאָססען אָהן דיא ערלויבעניש פאן פרעזידענט, אדער איין מיטגליעד וואס פערלאזט דעם מיטינגס-לאקאל אין דער צייט ווען איין מיטגליעד שפרעכט, זאל ער בעשטראפט ווערען מיט 25 סענט.

6، ווען איין מיטגליעד ערשיינט ניט צו איין לויה פאן איין פערשטאָרבענעם ברודער אָדער זיין פרויא נאך דעם וויא ער איז אויפגעפאָדערט געוואָרען שריפטליך אַדער מונדליך, ווערט ער בעשטראפט מיט 2 דאללער, און איין חברה קדישא מאן ווערט בעשטראפט מיט 3 דאללער.

§ 7. דער מיטגליעד וואס פערהאלט זיך ניט רוהיג און אנשטענדיג בייא איין מיטינג, זאל ער דעם ערשטען מאל מיט 25 סענט בעשטראפט ווערען, אין דעם צווייטען מאל מיט 50 סענט, נאכהער ווען ער בערוהיגט זיך ניט, מוז ער פערלאזען דעם מיטינגס־לאָקאל, און איינע קלאגע זאל געגען איהם געמאכט ווערען.

§ 8. דער ברודער וועלכער מיט אבזיכט שאַדעט דעם נאמען פאָן פעראיין אין אויסענוועלט, זאָל ער אויף אימּמער סוספּענדירט ווערען פאָן פעראיין.

§ 9. איין מיטגליעד וועלכער אטענדעט ניט זיין פפליכט אלס קאָמיטטע, אָהן איין ריכטיגע אורזאכע, ווערט ער בעשטראפט מיט 25 סענט.

§ 10. יעדער ברודער פאָן פעראיין מוז ערשיינען צו יעדער גענעראל פערזאמלונג אָדער שפּעציאל מיטינג, זאָנסט איזט ער מיט 25 סענט בעשטראפט.

§ 11. דער מיטגליעד וועלכער דערצעהלט איין אבגעוועזענעם קאנדידאט דיא פערהאנדלונגען וועגען איהם, אָדער דיא נעהמען פאָן דיא מיטגליעדער וועלכע האבען פראָטעסטירט געגען איהם, זאל ער מיט 1 דאָללאר בעשטראפט ווערען.

§ 12. יעדער ברודער פאָן פעראיין וועלכער

האט געצווינגען בענעפיט פאָן פעראיינס קאססע ניט געזעצליך און ריכטיג, ווירד ער מיט זאָ פיעל בע־שטראפט וויפיעל ער האט ערהאלטען.

§ 13. איין מיטגליעד וועלכער בייט זיין גלויבען, אָדער ער הייראטהעט איין קריסטליכע פרויא אָדער ער בעגעהט איין קרימינאלען פערברעכען און איז פאָן איין געריכט פעראורטהיילט צו פריזאן, און דער פעראיין איז איבערצייגט אין זיין שולד, זאל ער פאן פעראיין סוספענדירט ווערען אויף אימּמער.

§ 14. איין מיטגליעד וועלכער פערלוימדעט אין מיטינגס לאָקאל איין צווייטען מיטגליעד מיט פאלשע בעשולדיגונגען, אָדער ער שאדעט דעם פעראיין אין אלגעמיין זאל ער מיט געלד שטראפירט ווערען לויט דיא ענטשיידונג פאן דיא ברידער.

§ 15. דער פעראיין האט דאס רעכט מיט דיא אבשטיממונג פאָן דיא מאיאריטעט, פאָן דיא ברידער וועלכע זיינען אנוועזענד ביים מיטינג, איינינע פערגע־ניגונגען און בענעפיטס צום נוטצען פאָן פעראיין צו פעראנשטאלטען, און אין אַ זעלבע פעללע האט דער פעראיין דאס רעכט צו טעקסען אללע מיטגליעדער וועלכע בעלאנגען אין דער צייט צום פעראיין, דיא נייע מיטגליעדער וועלכע געהען ארייז אין פעראיין נאך

דעם מיטינג אין וועלכען דער בענעפיט איז בעשלאָססען זיינען ניט געטעקסט פאר דעם בענעפיט.

§ 16. דיא טעקסען זאָללען זאָ וויא בייטרעגע גערעכענט ווערען, און בייא דיא לעצטע איינצאהלונגען מוזען אללע טעקסען, עקסטרע אויפלאגען, שטראפען זאָ וויא בייטרעגע, אָהן איין סענט ריקשטענדען איין געצאהלט ווערען.

§ 17. מיטגליעדער וועלכע אטענדען ניט אלס קאָמיטעען צו קראנקע, שבעה, נויטהליידענדע אָדער ער קאָממט ניט צו איין לויה פאָן איין ברודער, אָדער זיין פרויא, אדער צו איין שפעציאל אדער גענעראל מיטינג, קאנען נור קראנקהייט אדער אבוועזענהייט פאן שטאדט אלס ענטשולדיגונג אנגענאממען ווערען.

§ 18. קיין טהייל פאן דיעזע קאנשטיטושיאן קאן פאר קיין פאל ניט וויעדער גערופען ווערען, פערניכטעט, פערענדערט ווערען, איבער געמאכט ווערען, אויסער ווען דרייא גוטשטעהענדע ברידער געבען אן שריפטליך איין ריכטיגען פונקט, אדער איין ריכטיגע אורזאכע, דאן דארף דער צושריפט צווייא מיטינגען פארגעלעזען ווערען און ביים דריטטען מיטינג פאָרלעזען און צום אבשטיממונג גענוממען ווערען, און דאן ווען צווייא דריטטעל מאיאריטעט פאן דיא אנוועד-

זענדע ביים מיטינג, שטיממען פאר דעם צושריפט, זאָל ער צו דיא בייא לאָאָס צו געשריעבען ווערען, און אלס געזעטץ זאַ וויא דיא קאָנשטיטושיאן זעלבסט אנגענוממען ווערען, זאָנסט איז דיא קאָנסטיטושיאן אימּמער אין קראַפט, און קאן פאר קיין פאלל ניט אבגעלענט ווערען.

## ארטיקעל 12.

### פארלאמענטארישע רעגעלען.

§ 1. יעדער מיטגליעד וואס ווינשט צו שפרעכען, זאָל בעטען דאס ווארט ביים פרעזידענט, ווען דער פרעזידענט ערלויבט איהם צו שפרעכען, זאָלל ער פאן זיין זיטץ אויפשטעהן און געהן צו איין בעשטיממטען פלאטץ אין לאקאל און דארטען שפרעכען.

§ 2. יעדען פארשלאג דארף פאן איין צווייטען ברודער אונטערשיטצט ווערען, נאכהער זאל דער פרעזידענט פארלעגען דעם פארשלאג פאר דיא ברידער, און עפענען איין דעבאטע איבער דעם פארשלאג, נאכהער נעהמען דעם פארשלאג צום אבשטיממען, אין אללע בעשליססע בייא דיא מיטינגען האבען דיא זעלבע קראפט וויא דיא קאנסטיטוציאן זעלבסט

§ 3. ווען אַ ברודער מאכט איין אמענדעמענט צו איין פארשלאג, דארף דער אנענדעמענט אויך

אונטערשטיצט צו ווערען פאָן איין צווייטען ברודער, און דער אמענדעמענט קומט צום אבשטיממונג פאר דעם פאָרשלאג, און ווען דער אמענדעמענט ווערט אנגענוממען דאן פאלט אראב דער פאַרשלאג, און ווען דער אמענדעמענט פאלט דורך, דאן נעהמט מען דעם פאָרשלאג צום אבשטיממען, מעהר פאָן צווייא אמענדעמענטס צו איין פארשלאג קאנען ניט אנגענוממען ווערען.

§ 4. ווען איינינע ברידער צוגלייך בעטען דאס וואָרט, זאָל דער פרעזידענט ענטשיידען ווער עס שטימע ער האט פריטר געהערט בעטען דאס וואָרט.

§ 5. קיין מיטגליעד זאל לענגער פאן 10 מינוטען שפרעכען, און צווייא מאל איבער איין פאַר־שלאג ניט שפרעכען, ביז אללע פאן דער רעדנער ליסטע האבען געשפראכען איבער דעם פארשלאג.

§ 6. ווען איין פארשלאג ווירד דעבאטירט, קאן קיין אנטראג געמאכט ווערען ביז דער פארשלאג ערלעדיגט איזט.

§ 7. ווען איין פארשלאג איז מיט איין מאיא־ריטעט אנגענוממען געווארען, האט דאס רעכט יעדער ברודער ביים נעקסטען מיטינג איין שריפטליכען פראטעסט אריין ברענגען, און ווען דיא ברידער

נעהמען אן דעם פראָטעסט, דארף דער פאָרשלאג װעלכער איז פאָריגען מיטינג געשלאָססען געװאָרען, איבערמאלס פערהאנדעלט װערען, עס מוז אבער זיין צװייא דריטטעל מאיאריטעט דאגעגען דעם פאָרשלאג אום צוריק גערופען צו װערען.

§ 8. װען איין פאָרשלאג איז פאָרגעלעגט צום פערהאנדלען, קאנען נור דיעזע פאָרשלעגע געמאכט װערען:

1) דעם פאָרשלאג אויף דעם טיש צולעגען,

2) אויף איין אינבעשטימטע צייט אבצולעגען,

3) אָדער אויף איין בעשטימטע צייט אבלעגען,

4) צו איין קאָמיטטעע איבערגעבען,

5) אָדער שלוסס דיא דעבאטע.

§ 9. װען אַ ברודער שפרעכט טאר איהם קיינער אינטערברעכען, אויסער דער פרעזידענט,

1) אום דעם רעדנער צו אָרדענונג רופען,

2) איהם אויפפאָדערן אן דעם געגענשטאנד זיך צו האלטען,

3) איהם איין מיספערשטענדניס אויפצוקלערען.

§ 10. אז איין ברודער רופט דעם רעדנער צו אָרדנונג דארף דער פרעזידענט ענטשיידען אויף דיא אָרדנונגס פראגע איז ריכטיג, געגען דעם פרעזי־

דענטס ענטשיידונג, האבען דאס רעכט דיא ברידער צו ענטשיידען.

§ 11. פאַן דיא ברידער קאן דער רעדנער אונטערבראָכען ווערען, ווען ער בעלעדיגט יעמאנדען אָדער ער מאכט שטערונגען מיט זיין רעדען, און דער פרעזידענט פערשווייגט.

§ 12. ווען איין ברודער בעט דאס וואָרט ביים פרעזידענט דרייא מאל און ער ענטזאגט איהם, זאלל ער אן דעם וויים־פרעזידענט אפעלירען דרייא מאל, ווען דער וויים־פרעזידענט ענטזאגט איהם אויך, זאל ער אן דיא ברידער אפעלירען, און זייא זאָלען ענט־שיידען, אייב ער זאל האבען דאס וואָרט, אין אזעלכע פעללע דארפען האבען דאס וואָרט נור דער פרעזי־דענט, וויים־פרעזידענט און דער אפעלירענדער ברודער.

§ 13. קיין בעשלוס קאן צוריק גערופען ווע־רען אין זעלבען מיטינג וועלכען ער איז בעשלאָססען, יעדער פראָטעסט געגען אירגענד וועלכען בעשלוס דארף שריפטליך אריין געבראכט ווערען, און וועניג־סטענס דרייא ברידער דארפען זיין אונטערגעשריבען אויף דעם פראָטעסט, און עס זאָל בעהאנדעלט ווערען לויט § 7 דיעזען ארטיקעל.

§ 14. צו יעדען מיטינג זאל דער סעקרעטער

שריפטליך איינלאדען אללע ברידער צום מיטינג, און שרייבען דעם צוועק פאן יעדען מיטינג, ביא איין שפעציאל מיטינג זאל דער פרעזידענט ביים ערעפענען דעם מיטינג ערקלערען דיא ברידער דעם צוועק פאר וואס דער שפעציאל מיטינג איז פאר רופען געוואָרען, און דיעזעס זאָל פערהאנדעלט ווערען בייא דעם שפעציאל מיטינג.

§ 15. יעדע קלאגע געגען א ברודער זאָל שריפטליך אריין געבראכט ווערען, און ווען דיא ברידער נעהמען אן דיא קלאגע, זאל צו דיא דירעקטאָרען איבערגעגעבען ווערען צו ענטשיידען.

§ 16. יעדער נייער מיטגליעד דארף איין קאָנשטיטושיאן־בוך נעהמען און אין פעראיינס קאססע 25 סענט איינצאָהלען.

§ 17. אללע פראגען וואס זיינען אין דיא פארלאמענטארישע רעגעלען ניט בעמערקט געוואָרען, זאָללען נאך קאשינגס האנד־בוך דער פארלאמענטאַרישען פראקסיס געהאנדעלט ווערען.

### ארטיקעל 13.

#### פערשיעדענעס.

§ 1. ווען דער טרעזשורער האט אנפערטרויט איין סוממע צו איינעם פאן איין קאמיטטעע אויס־

צוצאהלען, און דיא סוממע איז פערלאָרען געגאנגען, איז דער טרעזשורער פעראנטוואָרטליך, און ער מוז ליידען דעם שאדען מיט אללע עקספּענסעס.

§ 2. ווען דער טרעזשורער ערשיינט ניט צום מיטינג, זאל דיא איננאהמע פאן מיטינג צום ערשטען טראסטי איבערגעגעבען ווערען.

§ 3. יעדער מיטגליעד פאָן פעראיין האט רעכט ביי וואָהנען אַ דירעקטאָרען מיטינג, און דעבאטירען איבער אלע אנגעלעגענהייטען אבער ניט שטיממען, נור ווען עס ווערט פערהאנדעלט ווענען נייע קאנדידאטען מוזען זייא דעם מיטינג פערלאָזען.

§ 4. פאָרשלעגע צו ענטלאססען שולדען פאָן ביטרעגע אדער טעקס קאננען ניט אנגענוממען ווערען, אויך פאָרשלעגע אויסצולייען יעמאנדען פאן פעראיינס קאססע מוזען צוריק געוויזען ווערען.

§ 5. אללע שטראפען מוזען אום בעדינגט פראָטאָקאָלירט ווערען, און ביים נעקסטען מיטינג געלעזען ווערען.

§ 6. דער ברודער ווערכער איז ניט געוועזן ביים לעצטען מיטינג קאן קיין איינווענדונג מאכען געגען איין פראטאקאל פאָן לעצטען פערזאמלונג.

§ 7. דיא דירעקטארען האבען דאס רעכט צו

יעדער צייט צו פאָדערען פאָן פעראיין קאָמיטעען
ווען זייא דארפען.

## ארטיקעל 14.

### לאָהנס־פאָנד געזעטצע.

§ 1. דען 4-טען יאנואר 1905 איז גענרינדעט
געווארען אין פעראיין דער לאָהן פאָנד מיט דעם
נאמען „לאָהן פאָנד דער לידער ברידער אונטער־
שטיטצונגס פעראיין.“

§ 2. דער לאָהן פאָנד זאל פערוואלטעט ווערען
פאן דיא דירעקטארען, און זייא זאללען ערוועהלען
בייא זייערע מיטינגען פאָלגענדע בעאמטע: טשערמאן,
פינאנץ סעקרעטער, פראָטאָקאָלל סעקרעטער און
טרעזשורער.

§ 3. דיא דירעקטאָרען דארפען איין מאל ווע־
כענטליך זיך פערזאמלען אין דעם אבענד וועלכען
זייא וועללען בעשטיממען, אין בייא דיעזען פערזאמלונג
זאָללען דיא אנלייהונגען און אויך דיא צאהלונגען
געמאכט ווערען, און 1 מאל מאָנאטליך זאלען זייא איין
גענעראל פערזאמלונג מאכען פאן אללע דירעקטאָרען.

§ 4. געלדער זאָללען אויסגעבאָרגט ווערען נאך
דער רייהע, און יעדער וואס וויל לייען זאל ברענגען
איין גוט זאגער וועלכען דיא דירעקטארען נעמען אן.

§ 5 יעדער נייער מיטגליעד וועלכער בעלאנגט נאך ניט קיינע 6 מאָנאט צום פעראיין קאן קיינע אנלייהע בעקאָממען.

§ 6 דיא סוממע פיעל איהם צו לייהען זאל נאך דיא אומשטענדען פאַן דער קאססע פאַן לאָהן־פאַנד זיין.

§ 7. דיא דירעקטארען זאללען איין בריענגען איין רעזאלושען אין פעראיין, און דער פעראיין זאל בעשליססען פיעל איהם צו לייהען.

§ 8. אנלייהונגען זאללען ארויסגעגעבען ווערען דורך טשעקס וועלכער דארף אונטער געשריבען ווערען פאַן פינאנס־סעקרעטער און געזיגעלט מיט דעם זיעגעל פאַן לאָהן פאַנד.

§ 9. דיא צאהלונגען זאללען זיין וועכענטליך 10 פראָצענט פאַן דיא סוממע וואס עס ווערט איהם געליהען, דיא צאהלונג זאל זיך אנפאנגען 14 טאג נאך דער אנלייהע.

§ 10 זאָלאנג איין מיטגליעד איז אין לאָהן פאָנד עפעס שולדיג, קאן קיינע צווייטע אנלייהע בעקאָממען.

§ 11. ווען איין מיטגליעד צאהלט ניט צוויא וואכען נאך איינאנדער זאל דער פינאנס־סעקרעטער פאן לאָהן־פאָנד שיקען צו איהם א לעטער ווארום

ער צאהלט ניט, און אללע קאָסטען וועלכע קוממען הורך פערנאכלעססינקייט פאן מיטגליעדערן פאר ניט ריכטיגע צאהלונג מוז דער ברודער זעלבסט בעצאלען.

§ 12. ווען אַ ברודער שטעלט זיך אב מיט זיין צאהלען זיין הלואה אין לאָהן־פאָנד, האבען רעכט דיא דירעקטארען אריין צו ברענגען אין פער־איין אום צום קאלעקטען דורך איין רעדזשיסטען לעטער, גראדע וויא פאר דיוס, און ווען דער ברו־דער לאזט זיך שטרייכען, דאן ווערד דער חוב גע־מאנט פאן דעם גוטזאָגער.

§ 13. ווען אַ ברודער וויל ניט בעצאהלען דיא אַלייהע. דאן זאללען דיא דירעקטארען בעריכ־טען אין פעראיין, און דער פעראיין זאלל מאהנען געזעצליך ביים גוטזאָגער און ער זאל בעצאהלען, און דאן איז דער ברודער, וועלכער דער גוטזאָגער האט פאר איהם בעצאהלט, געזעטצליך געשטריכען פאן פעראיין.

פפליכטען דער דירעקטאָרען צום לאָהן־פאָנד.

§ 14. דיא דירעקטארען זיינען פערפפליכטעט יעדען דירעקטארען מיטינג צו בעזוכען.

§ 15. דער טשערמאן זאָל אויפפאססען אויף אללע אנגעלעגענהייטען פאָן לאָהן־פאָנד, און האלטען

דעם זיעגעל פאן לאהן־פאנד אונטער זיין אויפזיכט און זיגלען אללע טשעקס וואס ווערען אויסגעליעהען צו דיא ברידער.

§ 16. דער פינאנס־סעקרעטער דארף אללע טשעקס אויסמאכען און כיינען, אללע געלדער צו זאממען מיט דעם טרעזשורער אין דיא בענק דע־פאנירען, אללע רעכענונגען מיט דיא בענק פיהרען און איננאהמען און אויסנאבען צו פערשרייבען, און אללע ביכער אין ארדענונג צו האלטען, און ביא דיא מיטינגען בעריכטען וועלכע מיטגליעדער צאהלען ניט פינקטליך, און איין יעהליכען פינאנס בעריכט מאכען, און אין פעראיין בעריכטען.

§ 17. דער פראטאקאל־סעקרעטער דארף איין מאנאטליכען פראטאקאל מאכען, און בייא יעדען גע־נעראל מיטינג פארלעזען, און אללע קארעספאדענ־ציעס פיהרען.

§ 18. דער טרעזשורער זאל האלטען דעם טשעק בוך אונטער זיין אויפזיכט, און אללע געלדער פאן לאהן־פאנד צוזאממען מיט דעם פינאנס־סעקרע־טער אין דיא בענק דעפאנירען.

§ 19. יעדער ברודער פאן פעראיין קאן גע־טעקסט ווערען צו צאהלען פאר דעם לאהן־פאנד

לויט דיא בעשליססע פאָן פעראיין, און יעדער ברו־
דער איז בערעכטיגט צו לייהען פאָן לאָהן־פאָנד
לויט אינזערע געזעטצע.

§ 20 ווען אירגענד וועלכער פאָן דיא דירעק־
טאָרען ערשיינט ניט צוויא מאָנאטליכע מיטינגען
נאכאיינאנד אָהן איין ריכטיגע אורזאכע, זאל דער
פעראיין ערוועהלען אויף זיין פלאטץ אנאנדערען.

§ 21. דיעזע אללע געזעטצע פאָן לאָהן־פאָנד
קאננען צו יעדער צייט געענדערט ווערען ביא דיא
מיטינגען פאָן פעראיין, לויט דיא אומשטענדען פאָ־
דערען, צום וואָהל און בעסטען פאר דעם לאָהן־פאָנד.

